# אַריינפיר אין ח. נ. ביאַליקס אידעען־וועלט

פון משה שטאַרקמאַן



(סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון „חשבון"
נומ. 71־72, לאָס אַנדזשעלעס)



פאַרלאַג „חשבון"
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע
ה'תשל"ג — כ"ה למדינת ישראל

משה שטאַרקמאַן / ניו־יאָרק

# אַרייַנפיר אין ח. נ. ביאַליקס אידעען־וועלט

## (צו זיין 100סטן געבוירנסיאָר)

חיים נחמן ביאַליקס אידעען־וועלט — זי איז פּונקט אַזוי רייך ווי זיין שירה. הימל און ערד קושן זיך ביים אויסבייג פון אירע האָריזאָנטן. פאַראַנען ביי ביאַליקן אידעען, וואָס צוערשט זייַנען זיי געקומען ברמיזא אין זייַנע לידער,, און די רמזי רמזים פון פּערזן זייַנען דערנאָך אויפגעקלערט געוואָרן אין דברים שבעל פה — אין רעדעס אָדער אין חבֿרים שבכתב — אין הקדמות, אין אָפּהאַנדלונגען, אין בריוו צו יחידים און אין לכתחילה־צוגעגרייטע רעפעראַטן.

גייט מען איבער דירעקט צו זייַנע אידעען געפינט מען, ניט בלויז אינהאַלטלעכע פּונקטן צווישן ביידע פאָרמען פון אויסדרוק: מען קומט אויך צו דער דערקענטעניש, צום אויספיר, אַז געזאַנג און געדאַנק דערגאַנצן זיך איינס דאָס אַנדערע אין ביאַליקס שאַפן. צו איטלעך ליד ביאַליקס זייַנען שוין געשריבן געוואָרן פּירושים, און יעדער קריטיקער האָט געגעבן זיין אייגענעם טייַטש. מען וואָלט אויך געקענט קאָמפּילירן אַ פּירוש ביאַליק על ביאַליק — אַ פּירוש, וואָס דורך אים זאָל קלאָר ווערן מיט וויפל אידעישן כוח ס'איז אָנגעלאָדן זיין דיכטונג, און ווי שטאַרק ס'זייַנען די יסודות פון שירה אין זיין מחשבה. אין יעדן פאַל פילט מען די אַחריות צום וואָרט.

ביאַליקס עסיי „גילוי וכיסוי בלשון" — „דאָס אָפענע און פאַרהוילענע אין שפּראַך" (געשריבן אין 1915, געדרוקט אין יידישער איבערזעצונג אינעם ניו־יאָרקער זשורנאַל „סביבה", אדר־ב׳, תשכ"ה, ז"ז 57-63) — דער דאָזיקער עסיי איז אין תוך אַ ביאַליקישער מאָנאָלאָג וועגן דעם עצם פון שפּראַכלעכן אויסדרוק בכלל. מיר מוזן זיך באַגרענעצן צו ציטירן בלויז דעם אַרייַנפיר און דעם סיום, דעם קלימאַקס־פּאַראַגראַף פון אָט דער מוסטערהאַפטער און מייסטערהאַפטער אָפּהאַנדלונג. צוערשט דער אַרייַנפיר:

„יעדן טאָג ווערן אַרויסגעזאָגט, באַוווסטזיניק אָדער סתם אַזוי, הורבעס און הורבעס ווערטער, ווערטער און זייערע פאַרבינדונגען, און גאָר ווייניק מענטשן ווייסן אָדער גיבן אַ טראַכט וואָס פאַר אַ באַטייט די ווערטער האָבן געהאַט ווען זיי זייַנען אויפגעקומען. אייניקע זייַנען אויפגעקומען דורך שווערע און דורות־לאַנגע געבורטסווייען; אַנדערע האָבן אויפגעבליצט פלוצלונג און מיט איין פלי האָבן זיי באַלויכטן אַ וועלט אַ גאַנצע; דורות אויף דורות פון לעבעדיקע נשמות זייַנען דורך די ווערטער דורכגעגאַנגען, אַ דור איז אַוועק און אַ דור איז געקומען, און יעדער נשמה האָט איבערגעלאָזט אויף זיי איר שפּור און איר געמיט. אַ סך פון די ווערטער זייַנען געווען אַ שייד פאַר זייער קאָמפּליצירטן און איידעלן מעכאַניזם פון טיפע געדאַנקען און דערהויבענע געפילן און זייערע וווּנדערלעכסטע פאַרבינדונגען און אָפּקלאַנגען. עס זייַנען פאַראַן ווערטער — גאָטס בערג, און ווערטער — אַ טיפער תהום. עס טרעפט אַז אין איין וואָרט איז פאַרקערפּערט דער איביקער תוך פון אַ טיפער פילאָסאָפישער שיטה, דער סך־הכל פון אַ חשבון מיט אַ וועלט אַ גאַנצער. עס זייַנען דאָ ווערטער וואָס האָבן אין זייער צייט באַזיגט פעלקער און לענדער, אַראָפּגעזעצט קיסרים פון טראָן, אויפגערודערט פונדאַמענטן פון ערד און הימל. און עס קומט אַ טאָג און די ווערטער גייען אַראָפּ פון זייער גדולה, פאַלן אַריין אין מאַרק און מענטשן קייקלען זיי אַרום ביי אַ לייכטן שמועס ווי מען קייקלט אַרבעט. — — —

„דאָס מינדסטע וואָרט אין דער שפּראַך איז בשעתן אַנטשטיין געווען אַ מעכטיקע און אומגעהויערע נשמה־אַנטפּלעקונג. אַ געוואַלדיק דערהויבענער גייסטיקער נצחון. ווען אָדם הראשון,

למשל, איז געווען דערשטוינט פונעם דונער — „גאָטס קול איז אין גבורה, גאָטס קול איז אין פּראַכט" — איז ער געפאַלן אויפן פּנים איבערראַשט און דורכגענומען מיט ציטער פאַר גאָט און עס האָט זיך פון זיין מויל פון זיך אַליין אַרויסגעריסן — לאָמיר זאָגן נאָכמאַכנדיק דעם קלאַנג פון דער נאַ־טור — אַ מין ווילדער אויסרוף, אַ מין געשריי פון אַ חיה וואָס איז נאָענט צום קלאַנג 'ר־ר־ר' — דאָס איז דער קלאַנג וואָס איז דאָ אין דעם נאָמען פאַר אַ דונער אין אַ סך שפּראַכן — צי האָט דער ווילדער אויסגעשריי ניט געבראַכט קיין פאַרלייכטערונג צו זיין אויפגערודערטער נשמה? צי איז אין דעם אויסגעשריי, אַן אָפּהילך פון אַן אויפגעציטערטן נפש ביז די טיפסטע גרונטן זיינע, ניט אַנטפּלעקט געוואָרן די גבורה פונעם באַשאַף, דער אימה־דיקער שאַל פון זיין נצחון — צי איז אין דעם געווען ווייניקער יצירה ווי אין אַ 'געלונגענעם אויסדרוק' מיט טיפן אינהאַלט וואָס אַ גרויסער נביא ברענגט אַרויס אין אַ מאָמענט פון באַגייסטערונג? — — —"

און איצט די סיום שורות פון דעם עסיי:

„. . . דאָס איז וועגן דער שפּראַך פון ווערטער. אָבער חוץ דעם איז נאָך דאָ ביי גאָט שפּראַכן אָן ווערטער: געזאַנג, געוויין און געלעכטער. אָט די שפּראַכן הייבן זיך אָן דאָרט ווו עס ענדיקן זיך די ווערטער. זיי געהערן ניט צום פאַרבאַרגענעם, נאָר צום אָפענעם אויסדרוק. זיי באַווייזן זיך און שטייגן פון דעם תהום. זיי זיינען דער תהום גופא, וואָס הייבט זיך אַרויף, און דעריבער טרעפט, אַז זיי שווימען אָן און שלעפּן אונדז מיט מיט זייערע כוואַליעס, און עס איז אוממעגלעך זיך קעגנשטעלן זיי. און דעריבער טרעפט, אַז מענטשן גייען אַרויס פון די כלים און פאַרגעסן די וועלט. יעדע גייס־טיקע שאַפונג, וואָס פאַרמאָגט ניט איינס פון די דריי (געזאַנג, געוויין, געלעכטער), איז קיין לעבעדיקער אָטעם אין איר ניטאָ און עס וואָלט גלייכער געווען, ווען זי זאָל גאָר ניט געבוירן ווערן."

ביאַליק האָט געצילט צו דעם, אַז די יידישע גייסטיקע עשירות פון דער פאַר־גאַנגענהייט זאָל ווערן אַ דערנערונגס־כוח פאַר אַ לעבעדיקן יידישן היינט. ער האָט באַקרעפטיקט די אַלטע אמתן, אַז אָן טראַדיציע איז נישטאָ קיין קולטור, און אַז אָן אַ נאַציאָנאַלן זכרון איז ניט מעגלעך ממשיך צו זיין פאָלקישע גע־שיכטע. ביאַליק איז דערפאַר געווען דער אידעאָלאָג פון כינוס — צי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אגדה־שאַפן, וועגן שירת ספרד אָדער וועגן דער שפּעטער־דיקער נאַציאָנאַלער יצירה — ניט לשם פאָרשונג לשמה, נייערט לטובת דעם נאַ־ציאָנאַלן היינט און מאָרגן. אין עסיי וועגן העברעישן בוך האָט ער אונטערגעשטראָכן, אַז „פונקט ווי אָן ערד איז נישטאָ קיין פלאַנץ, אַזוי קען ניט אָן טראַדיציע גע־מאָלט זיין קיין וווּקס און אַנטוויקלונג."

אָבער מיט זיין גאַנצן דרך־ארץ פאַר טראַדיציע, האָט ביאַליק נעגירט יעדע פאָרם פון אימיטאַציע; ער האָט באַטאָנט, אַז אַ בוים, נאָך דעם ווי ער ווערט אָפּ־געליידיקט פון זיינע צייטיקע פּירות, איז ער ווייטער בכוח מיט זיינע אַלטע וואָרצ־לען צו זאַפטיקן פרישע פּירות. די מיט פּירות־באַלאָדענע ביימער, ווידער, ניי־טיקן זיך אָפּט אין דראָנגען, אין טרוקענע שטיקער געהילץ, אונטערצוהאַלטן זייערע שווער־ באַלאַסטיקטע צווייגן.

אין זיינע עסייען, רעדעס און בריוו האָט ביאַליק אָפּגעגעבן אַ סך אָרט אויך דעם קינסטלער ווי אַ יחיד. ער האָט אָנ־געוויזן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, אַז די אמתע קונסט רעכנט זיך ניט מיטן מאַרק, ווייל די קונסט לעבט אייביק און איר קדושה גייט איבער פון דור צו דור; און אין תוך האָט די אמתע קונסט די זעל־ביקע וואַרצלען, וואָס דער אמת פאַרמאָגט: דער אמת איז שטענדיק עטיש און מאָראַ־ליש. דער אמתער קינסטלער האָט אויך ניט קיין מורא פאַר אויסגעדראָשנקייט, ווייל אַ דאַנק זיין קינסטלערי־שער אייגנאַרט איז ער קיין מאָל נישט באַנאַל. דער אמתער קינסטלער, לערנט תמיד פון אַלץ און אַלעמען, און וואָס ער שענקט זיין אייגענעם דור, גיט ער

אויך במתנה צו אַלע ווייטערדיקע דורות.

אַליק אַ פּאָעט און גלייכצייטיק אַ גרויסער געניסער פון דיכטונג בכלל, האָט ביאַליק געהאַלטן, אַז פּאָעזיע איז די סאַמע העכסטע פאָרם אויסצודריקן אי מענטשלעכע געפילן, אי מענטשלעכע געדאַנקען, — ווייל דאָרט ווו דער געוויינטלעכער אויסדרוק בלייבט אָן כח, קומט צוהילף די דיכטונג מיט איר וויזיאָנערישקייט. „כל זמן די נשמה באַווירקט דעם מענטש און לעבט אין אים; כל זמן די נשמה בענקט נאָך ליכט און איז דאַרשטיק נאָך שיינקייט, דאַרף דער מענטש האָבן דעם פאַנטאַזן פון פּאָעזיע. — אָבער אין שאַפערישקייט דאַרף מען קיין מאָל ניט טראַכטן וועגן קוואַנטיטעט; דאָס תנ"ך־ספר „עובדיה" באַשטייט פון בלויז איין קאַפּיטל — פון דעסטוועגן פאַרנעמט עס אַן אָרט אין אונדזער ספר הספרים."

ביאַליק האָט אויך אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער כאַראַקטעריזירט די דראַמאַטישע קונסט: איר כוח ליגט אין דעם, וואָס זי טוט מיט אַ מאָל צוויי היפּוכדיקע זאַכן — זי פאַרוואַנדלט ווירקלעכקייט אין וויזיע, און וויזיע אין ווירקלעכקייט.

קענענדיק די נטיה פונעם מענטש בכלל און פון קינסטלער בפרט צו זיין פריי אין שמועס בין אדם לחברו, האָט ביאַליק געוואָרנט קעגן משפּטן וועמען עס איז לויט זיינע סתם רייד, מיינונגען און אידעען. ער האָט גערופן צו משפּטן דעם יחיד לויט זיינע קאָנקרעטע מעשים און לויט זיינע פאַרענדיקטע שאַפונגען. ביאַליק איז בכלל געווען קעגן מינימיזירן מענטשלעכע פּאָזיטיווע מעשים — אפילו די סאַמע פּשוטסטע. ער האָט געהאַלטן אַז אפילו הינטער די איינפאַכסטע אויפטוען שטייט אַ גרויסער כוח, וואָס איז מצרף אַ סך קליינע מעשים און שאַפט פון זיי אין באַהעפט אַ ריזיקע דערגרייכונג. נאָך מער: אַז איינער איז תמיד פאַרנומען, איז דאָס אַ גוטער סימן, באמת לשבחו, ווייל בלויז אַ לעבן פון דערקענטעניש, ווילן און וויסן, איז אַן אמתדיק מענטשלעך לעבן — אַ לעבן, וואָס אַנטהאַלט אין זיך קולטור און געשיכטע אין צוזאַמענשמעלץ.

ביאַליק איז געווען נאָכגיביק בנוגע רעקאָמענדירן יונגע שרייבערס און געבן הסכמות צו נייע טאַלאַנטן. זלמן שניאור האָט אים דערפאַר געגעבן דעם צונאָמען „שר המסכים". ביאַליק האָט גוט געקענט זיין אייגענע הסכמה־שוואַכקייט, און דערפאַר זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם, אַז מחברים זאָלן אַרויסגעבן זייערע ספרים מיט הקדמות געשריבן דורך אַנדערע. אין איינעם פון זיינע בריוו [redacted] ער אונטער, אַז „הקדמות און רעקאָמענדאַציעס פאַרמינערן דאָס געשטאַלט, אי פון מחבר, אי פון זיינע ווערק."

## גלות און ארץ ישראל

ביאַליק איז געווען אַ נעגירער פון דעם גלות[redacted]. אין זיין „שחיטה־שטאָט" הילכט דער רוף פון אויפשטאַנד קעגן רבונו של עולם — אָבער דער דיכטער האָט זיך גופא אידענטיפיצירט מיט דער שטילער יידישער עדה, מיט דער „שה פזורה ישראל", און געוואָלט — „אַנשטאָט אַ חיה צווישן חיות, אויסקלייבן גיכער אומצוקומען מיט די לעמער." ער האָט זיך אידענטיפיצירט מיט די חלוצים, און זיין „למתנדבים בעם". — „תחזקנה" איז געוואָרן דער הימען פון דער נייער אַרבעטערשאַפט אין אַלטן היימלאַנד. ביאַליק האָט געהאַלטן, אַז דער אמתער סאָציאַליזם, אין זיין העכסטער גאולה־פאָרם, איז דער אויפטו פון יידישן גייסט. אָבער אין גלות האָבן יידן אַנגעהאַנגען אַ סך גרויסע האָפענונגען אויף פּאָליטישן איבערבייט און אויף רעוואָלוציעס — נאָר די רעזולטאַטן זיינען שטענדיק געווען בול דער סך־הכל תמיד זעראָ.

ריידנדיק וועגן זיין לערער אחד העם האָט ביאַליק אַזוי כאַראַקטעריזירט דעם גלות: אַז איינעמס פינגער ווערט געדריקט צווישן דער טיר און דעם ביישטידל, איז דאָס גאַנצע ווייטאָג־געפיל פון דעם מענטש קאָנצענטרירט אינעם באַשטימטן פינגער. אַזוי איז אויך דער ווייטאָג פון אַ דערנידעריקטער אומה אין גלות. קיין גרעסערער ווייטאָג איז ניט פאַראַנען. די זאָרג פאַר דער צוקונפט פון גלות־יידנטום מוז דערפאַר קומען פריער פון אַלץ.

ביאַליק האָט בעת זיין וויזיט אין די פאַרייניקטע שטאַטן דערקענט פון דער נאָענט די יונגע אַמעריקאַנער נאַציע. ער

האָט באַוווּנדערט — אי איר יונגקייט, אי איר זעלישע רואיקייט, וואָס קומט פון ניט זיין באַזאָרגט. אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז אויב די קינדער פון אַזאַ אַלט פאָלק ווי די יידן קומען נאָך די אַמעריקאַנער יוגנטלעכע רואיקייט, מוז מען האָבן גרויסע ספקות צי זיי וועלן מצליח זיין. ביאַליק האָט דערביי אויסגעפירט, אַז אַזאַ אימיטאַציע שאַפט דעם רושם פון אַ פרעמד ליד געלייענט דורך אַ דעקלאַמאַטאָר אַ קאַליקע.

אין אַ רעדע צום אַמעריקאַנעם ייִדנטום האָט ביאַליק באַטאָנט, אַז דער עודף פון יידישן גייסטיקן שאַפן אין גלות בלייבט ניט ביי יידן, נאָר ער באַרייכערט די אַנדערע פעלקער. בכלל האָט ביאַליק פאַרגליכן די יידן, וואָס באַרייכערן די אַלגעמיינע קולטור און ציוויליזאַציעס, צו האָרעפאַשניקעס, וואָס אַרבעטן אין אַ פאַבריק, וואָס געהערט ניט צו זיי. ניט זיי געניסן פון דעם פראָפיט, נייערט דער באַלעבאָס, וואָס אין זיין קעשענע פאַלט אַריין דער גאַנצער ריווח. ביאַליק האָט געוואָרנט קעגן פאַרשווענדן יידישע כוחות און קעגן צעשטערן אין גלות יידישע נאַציאָנאַלע לעבנס־פאַרמעגן, ווייל בלויז דער וואָס פאַרלירט זיין בטחון אין דער צוקונפט, צעטרענצלט זיין פאַרמעגן. כלים דאַרף מען צייטנווייז פאַרריכטן; מען דאַרף זיי אָפט פוצן און רייניקן — אָבער מען טאָר זיי ניט צעברעכן. דאָס האָט טאַקע געלערנט די גלות־דערפאַרונג בנוגע אָנהאַלטן יידישע נאַציאָנאַלע פאַרמעגן לעבנדיק אין דער פרעמד. טאַקע ווייל די גלות־יידן האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע נאַציאָנאַלע ערד, האָבן זיי ניט געקענט בויען קיין אייגענע נאַציאָנאַלע בנינים. האָבן זיי געבויט פון דער צייט־סובסטאַנץ. זיי האָבן גענומען אַ באַזונדערן טאָג אין יאָר, אים געקנאָטן און געפורעמט אין אַ געביי. אַזוי אַרום איז איטלעכער יידישער יום־טוב אַ גאַנצער נאַציאָנאַלער בנין פאַר זיך אַליין.

דאָס מיינט ניט, אַז ביאַליק האָט געצילט גייסטיק אָפּצוזונדערן די יידן פון דער ציוויליזירטער מענטשהייט און פון דער וועלט־קולטור. ריידנדיק אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט „פריינד פונעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים" האָט ביאַליק זיך באַנוצט מיט אַ מאמר אין „אָבות": „ווער איז אַ חכם? איטלעכער וואָס לערנט פון יעדן מענטש" — אָבער ער טאָר ניט דורך דעם קומען צו ביטול בנוגע זיין אייגן רוחניותדיק האָב־און־גוטס.

נעגירנדיק דעם גלות האָט ביאַליק געהאַלטן, אַז מען טאָר ניט צו שטאַרק קריטיקירן די גלות־יידן גופא. אַ סך נעגאַטיווע אייגנשאַפטן און דערשיינונגען זיינען אַ פועל יוצא פון אָרעמקייט אָדער פון אַלערליי שוועריקייטן דורך לעבן צווישן פרעמדע. „די יידן זיינען בני קדושים און לסוף וועלן זיי אַלע תשובה טאָן."

וואָס איז שייך די שוועריקייטן ביים ווידער־אויפבוי פון ארץ ישראל, זיינען זיי ביי ביאַליקן געווען אַ מעלה: מ'דאַרף דאַנקען גאָט וואָס די יידן זיינען צוריקגעקומען צו אַ מדבר־דיקער, וויסטערדיקער טעריטאָריע — און ניט צו אַ גרייט לאַנד, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי האָבן אויסגעביטן איין גלות אויף אַן אַנדערן. בלויז דורך נסיונות און פיינען פון פיאָנערישקייט, קען אַ פאָלק קריגן די רעכט אויפן אייגענעם לאַנד.

„קיין שום כוח וועט ניט צוריקשטויסן די יידן פון דעם דאָזיקן לאַנד, און קיין שום כוח קען זיי ניט צווינגען אָפצוטרעטן. — — — איך בין פאַרליבט אין תל־אביב... ווייל פון די גרונטפעסטן ביז די געזימסן איז זי געבויט דורך אונדזערע אייגענע הענט . . . מיר דאַרפן זיך ניט פילן פאַרפליכטעט צו וועמען־עס־איז פאַר אירע מעלות, און מיר דאַרפן ניט פאַר וועמען־עס־איז זיך פאַרענטפערן פאַר אירע חסרונות. צי איז ניט דאָס דער ציל פון אונדזער גאולה . . . צו זיין די באַלעבאַטים איבער אונדזער גוף און נשמה, די באַלעבאַטים פון אונדזער גייסט און שאַפערישקייט. — — — דאָ, אין ארץ ישראל, ווו דאָס לעבן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאָעזיע, קען די פאָעזיע פאַרוואַנדלט ווערן אין לעבן."

## וועגן העברעיש און יידיש

ביאַליק האָט אָפט גערעדט און געשריבן וועגן שפראַך־ענינים בכלל און וועגן דער שפראַכן־פראַגע ביי יידן. ער איז, נאַטירלעך, געווען אַריינגעטאָן מיט

לייב און לעבן אין דעם אויפלעבן פון העברעיש ווי אַ רעד־לשון, און אין אויסברייטערן זי דורך באַרייכערן איר וואָרט־אוצר — אָבער אין איר שפּראַכלעכן גייסט, און נישט דורך מעכאַנישער ווערטער־פאַבריקאַציע.

„העברעיש איז אין אַנדזער פלייש און בלוט און איטלעכע באַגעגעניש מיט איר באַווירקט אונדזער נשמה — — — אַלץ קען מען אויסבייטן אויף עפּעס אַנדערש, אָבער ניט קיין נאַציאָנאַלן לשון — — — שפּראַך איז גייסט איך קריסטאַליזירטער פאָרם און אין סובסטאַנץ — — — שפּראַך איז דער שליסל צו דעם האַרץ פון אַ פאָלק. — — — מיר זאַפּן־איין אין זיך ניט בלויז די באַזונדערע ווערטער, נייערט אויך אַלע געפילן, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט אין אַלערליי באַזונדערע דורות. — — — אָפט איז אין אַן איינציק וואָרט באַהאַלטן דער לעבנס־תמצית פון באַשטימטן וואָרט און די אומשטערבלעכקייט פון אַ גאַנצער פילאָסאָפישער שיטה. — — — אַ פאָלק וואָס פאַרמאָגט ניט קיין פאַסיק אייגן לשון, קען ניט אויסדריקן ווי געהעריק די אייגענע אידעען און די אייגענע געפילן. — — — דאָס מויל און דאָס אויער זיינען ווי אַ בויגן און אַ פידל, און אַז דאָס אויער איז פאַרשלאָסן, איז דאָס מויל פאַרשטומט."

די אַקאָרשט־געבראַכטע באַמערקונגען זיינען אַן אָפּקלייב פון ביאַליקס בריוו, רעדעס, שריפטן און שמועסן.

ווי אַ געבוירענער, דערצויגענער און רייף־געוואָרענער אין דער יידיש־ריידנדיקער סביבה פון אוקראַינישן און מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, ווי איינער וואָס האָט צייטנווייז אַליין געשאַפן אויף יידיש און ווי אַ שאַפערישער מענטש בכלל, האָט ביאַליק נישט געקענט אָננעמען דעם עקסטרעם־העברעיסטישן איינשטעל קעגן יידיש, פּונקט ווי ער האָט אויפגערעגט אָפּגעוואָרפן דעם עקסטרעם־יידישיסטישן איינשטעל קעגן העברעיש. ער האָט געהאַט גרויסע ספקות בנוגע דער צוקונפט פון מאַמע־לשון, און אָפּגעשאַצט די היסטאָרישע ראָלע פון יידיש ווי אַ באַגלייט־און הילפס־לשון פון לשון־קודש. ער האָט געוואָלט זען די קולטור־עשירות פון יידיש, וואָס האָט אויף איר שטייגער אויך באַרייכערט עברית, איינגעגלידערט אין דער העברעישער ליטעראַטור דורך איבערזעצונג.

זיין רעדע אין קאָוונע וועגן דעם טראַגישן גורל, וואָס ער זעט פאַר יידיש, האָט אַרויסגערופן קעגן אים דעם צאָרן פון אַ סך יידישע שרייבערס. אָבער ניט ווינציקער איז געווען דער צאָרן אויף אים מצד די העברעישע עקסטרעמיסטן, די „שקצים"— ווי ער האָט גערופן די שפּראַך־פאַנאַטיקערס פון „גדוד מגיני השפה"— פאַר אָפּפרעגן זיין רעכט עפנטלעך צו ריידן אויף יידיש. ווי ס'דערציילט אין אַ קאַפּיטל זכרונות דער העברעישער לינגוויסט יצחק אבנרי („מעריב, י' טבת, תשל"ג) האָט ביאַליק בעת אַן אויפטריט אויף אַן „עונג שבת" אין תל־אביבער „אוהל שם", גערעדט מיט ליב און ליבשאַפט וועגן יידיש, פאָראויסגעזאָגט מאַמע־לשון אַ באַשטימטע צוקונפט אין יידישן היימלאַנד — אָבער ער האָט ניט געגלייבט, אַז אין ארץ ישראל האָט יידיש אַ געזיכערטן עתיד, פּונקט ווי ער האָט ניט געזען קיין צוקונפט פאַר העברעיש צווישן די יידן אין חוץ־לארץ. אין היסטאָרישן זינען, האָט ער געהאַלטן, זיינען „לשון־קודש און יידיש געווען אַ זיווג מן השמים."

(אויספירלעכער זען ביאַליקס „די שפּראַך־פראַגע ביי יידן", צוויי רעדעס אַרויסגעגעבן פון מרכז „תרבות" אין ליטע, קאָוונע, תרצ"ג־1931. פראַגמענט געדרוקט אין בוך „דער יידישער געדאַנק אין דער נייער צייט", געזאַמלט און רעדאַקטירט פון אברהם מענעס, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957, ז"ז 270־275).

וואָס איז שייך יידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין אַלגעמיין, האָט ביאַליק געהאַלטן, אַז אירע גייסטיקע אייביקע ווערטן זיינען נאָר יענע, וואָס זיינען געשריבן אינעם נאַציאָנאַלן אלף־בית. זיינע פאָרמולירונגען וועגן יידישע רוחניות בכלל זיינען אין הסכם מיטן מחשבהדיקן איינשטעל פון דער קבלה: „ג' דרגין הינן מתקשרין דא בדא: קודשא בריך הוא, אורייתא וישראל" (זוהר ויקרא, פ' אחרי, ע"ג) — דהיינו: גאָט, די תורה און דאָס יידישע פאָלק זיינען מדרגות געקניפּט און געבונדן אין אַן אייביקער אחדות.

# תנ״ך, הלכה און אגדה

ס'איז אַן אלף־בית אמת: אין תנ״ך ליגן די סודות און יסודות פון אַלץ, וואָס מיר פאַרשטייען אונטער די באַגריפן יהדות, יידישקייט, יידישע נאַציאָנאַלע קולטור וכדומה. פאַר ביאַליקן איז נאָך טיפער געווען דער תנ״ך דער מקור פון אינספּיראַציע פון דער השראת שכינה, פאַר אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן אין ליד און פּראָזע: „איך האַלט תמיד ביי מיר דעם תנ״ך. אין דער אמתן קען איך קיין מאָל ניט איינטינקען מיין פעדער אין טינט איידער איך האָב ניט פריער אַרייַנגעקוקט אין דעם ספר הספרים" (מ. עובד־יהו. „מפּי ביאַליק"). אָבער ביאַליק האָט פאַרמאָגט „זרועות חובקות עולם" — אַרעמס וואָס נעמען אַרום די גאַנצע וועלט פון יידישער רוחניות, און ממילא האָט ער גייסטיק אַרומגענומען די גאַנצע יצירה פון פאָלק ישראל: הלכה און אגדה. — זיין „ספר האגדה" געשאַפן אין איינעם מיט י. ח. ראַווניצקי, אַ טייל פון דעם אויך אויף יידיש; זיין פירוש צו סדר זרעים פון משניות, זיין פאַרשן די מיטלעלטערלעכע פּיוטים־דיכטונג; זיינע עסייען, בריוו און רעדעס, זאָגן עדות אויף דעם. דאָס ווערט אויך באַקרעפטיקט דורך זיינע שטרעבונגען און רופן צו „כינוס" — איינצוזאַמלען די גאַנצע יידישע נאַציאָנאַלע יצירה זינט די עלטסטע צייטן, פאַרן גענוס בכלל און לטובת דעם גייסטיקן באַרייכערן די יידן פון דער היינטיקער צייט און פון אַלע קומענדיקע דורות.

ביים אויפקלערן די אונטערשיידן צווישן הלכה און אגדה — און אויך דאָס קרובהשע צווישן זיי — האָט ביאַליק אָנגעוויזן, אַז די אגדה, ווי אַ קלאַסישע יצירה פון יידישן פאָלק, איז געגליכן צו ברויט. אין דער חומרדיקער מאַטעריעלער וועלט קומט ברויט פריער פון וויין, אָבער אין די ספירות און ספערעס פון דער גייסטיקער וועלט, געשעט אָפט דאָס פאַרקערטע. הלכה איז דער ענדגילטיקער תמצית פון אגדה, דאָס געוויש פאַרנעם האַרץ־גלוסטעניש אויפן שטורעמדיקן וועג צום ציל. די דערגרייכטע רו, וואָס קומט נאָך דעם — דאָס איז די הלכה. זי, די הלכה, לייקנט ניט אָפּ עמאָציע, נאָר באַצווינגט זי. דורך דער אגדה דרינגט מען אַריין אין די טיפענישן פון יידישן פאָלקישן לעבן, און אַ דאַנק איר באַקענט מען זיך מיט די פאָלקישע אייגנאַרטיקייטן ווי זיי זיינען איינגעפלאַנצט אין האַרץ פון דער אומה — פון אירע קלענסטע ביז אירע גרעסטע. לויט איר מהות איז די אגדה ניט קיין צייטווייליקע ליטעראַרישע דערשיינונג, נייערט אַ יצירה, וואָס האָט איר צייט־ווערט און אויך איר אייביקן ווערט. אַ סך דורות און פּערזענלעכקייטן האָבן באַוווסטזיניק און אומבאַוווסטזיניק געשעפּט פון איר זייערע שאַפונגס־כוחות און זייערע גייסטיקע עשירות (משנה לעם, לכינוסה של האגדה, הלכה ואגדה. ביאַליקס קלאַסישע עסיי „הלכה ואגדה", אין דער יידישער איבערזעצונג פון י. י. שוואַרץ, איז געדרוקט געווען אין ראש־השנה נומער „אידישער קעמפּער" תשי״ד. אינעם „קעמפּער" פון 18טן מאַי, 1945, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן שוואַרצס יידיש־נוסח פון ביאַליקס „אונדזער קולטור־ירושה", אַ רעפעראַט וואָס ביאַליק האָט געהאַלטן אין נהלל קורץ פאַר זיין פטירה — אויף אַ סעמינאַר פון שליחים צו די „החלוץ"־אָרגאַניזאַציעס אין חוץ לארץ).

אין דער אָפּהאַנדלונג „הלכה און אגדה" באַטאָנט ביאַליק:

„די ווערטער הלכה און אגדה זיינען ספּעציעלע תלמודישע טערמינען פאַר געוויסע באַגריפן, אָבער לויט זייער אינערלעכן מהות לאָזט זיך זייער ברייטער זין אויסשפּרייטן און אויסברייטערן אויך אויף אַנדערע דערשיינונגען פון זייער מין, סיי אויף פאַר־תלמודישע תקופות און סיי אויף די נאָך־תלמודישע תקופות. דאָס זיינען צוויי פאַרענדיקטע פאָרמען, צוויי פאַרשיידענע סטילן, וואָס באַגלייטן איינס דאָס אַנדערע אין לעבן און אין ליטעראַטור — יעדער דור מיט זיין אגדה, יעדע אגדה מיט איר הלכה. דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן דער און דער הלכה אָדער וועגן יענער אגדה. דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם אינערלעכן מהות פון הלכה, הלכה ווי אַ גרויסער כלל, ווי אַ זיבלעכע פאַרענדיקטע פאָרם פון אַ קאָנ־

קרעט לעבן — אַ לעבן וואָס שוועבט ניט אין דער לופטן, און וואָס שפּאַרט זיך ניט אָן אויף געאַנטע געפילן און ווערטער, נייערט אַ לעבן וואָס האָט אַ גוף און שיינע פאָרמען פון אַ גוף. אַזאַ הלכה, זאָג איך, איז נישט מער ווי דער בייטיקער המשך און דער סוף פסוק פון דער אגדה.״

ביאַליק מאַכט דעם אויספיר:

„אָט קומט אויף אַ דור און וואַקסט אין אַ לופט פון גאָלע פראַזן און לידלעך און פוסטע ווערטער. עס ווערט באַשאַפן אַ יידישקייט, וואָס איז נישט קיין חוב. מען שרייט אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם, אויפלעבונג, ליטעראַטור, שאַפונג, יידישער דערציונג, יידישן געדאַנק, יידישער אַרבעט — און די אַלע גוטע זאַכן הענגען אויף אַ האָר פון עפּעס אַ ליבהאָבעריי: ליב האָבן ארץ ישראל, ליב האָבן ליטעראַטור — וואָס איז דער פּרייז פון אַזאַ מין לופט־ליבהאָבעריי?

„ליבשאַפט — אָבער ווו איז די פליכט? און פון וואַנען וועט זי קומען? און פון וואַנען וועט זי שעפּן יניקה? סיידן פון דער אגדה. אָבער זי איז ניט מער ווי רשות, יאָ און ניין נאָכגיביק.

„אַ יידישקייט וואָס איז אין גאַנצן אגדה, איז געגליכן צו אייזן, וואָס איז צעגליט אין פייער און ניט אָפּגעטונקט געוואָרן אין קאַלט וואַסער. שטרעבונג פון הארץ, גוטער ווילן, גייסטיקע דערוואַכונג, אינערלעכע ליבע — די אַלע זאַכן זיינען שיין און בוצלעך, ווען זיי שליסן זיך מיט מעשים, מעשים האַרט ווי אייזן, ווי גרויזאַמע פליכט.

„איר ווילט בויען — ׳שליסט אַן אָפּמאַך און שרייבט אונטער אויף דעם געחתמעטן אייערע האַרן, אייערע לויים און אייערע כהנים... און שטעלט איבער אייך מצוות׳... (נחמיה י׳, א׳). אַזוי האָבן אייערע אָבות אָנגעהויבן בויען.

„די מעכטיקע זעונגען פון ישעיה דעם צווייטן האָבן אויפגעוועקט הערצער. אָבער ווען עס איז געקומען די צייט פון בויען, זיינען די צוויי נביאים צווישן די בויער — חגי און זכריה — געווען די לעצטע צו נבואה און די ערשטע צו הלכה, און די וואָס זיינען געקומען נאָך זיי — עזרא און זיינע העלפערס — זיינען שוין בלויז געווען בעלי הלכה.

„קומט און שטעלט איבער אונדז מצוות!

„זאָלן אונדז געגעבן ווערן פורעמס אַריינצוגיסן אין זיי אונדזער פליסנדיקן שוואַכן רצון און אים אויסשמעלצן אין פעסטע, דויערנדיקע פאָרמען. מיר גאַרן נאָך די מעשים גופא. לערנט אונדז, איך לעבן, די געוווינהייט פון טאָן מער ווי ריידן, און אין דער ליטעראַטור — הלכה מער ווי אַגדה.

„מיר בייגן אונדזער נאַקן: ווו איז דער אייזערנער יאָך? פאַרוואָס קומט ניט די שטאַרקע האַנט און דער מעכטיקער אָרעם?״

## די נייטיקייט פון „כינוס״

שטיצנדיק זיך אויף אונדזער פאָלקישער קולטור־טראַדיציע, אויף אונדזער נאַציאָנאַל־גייסטיקער זעלבסטשוץ־מסורה, האָט ביאַליק געפאָדערט דורכצופירן אַ נייעם „כינוס״, אַ פרישע אויפזאַמלונג פון אונדזער רוחניותדיק פאַרמעגן. איך זיין רעפעראַט אויפן חלוצים־סעמינאַר אין ה ל ל האָט ביאַליק באַקרעפטיקט זיין „כינוס״־פאָדערונג מיט די ווייטערדיקע ווערטער:

„נאָך אַ לאַנגער תקופה פון אַ מוראדיקער צעשפּרייטונג, אפשר די גרעסטע פון אַלע צייטן, נאָך אַ לאַנגער תקופה פון הונדערטער יאָרן פון קולטורעלער צעטיילונג איבער דער גאַנצער וועלט; נאָך דער פילשפּראַכיקייט וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער פריערדיקער געשיכטע פון יידישן פאָלק: נאָך אַ תקופה פון מעכטיקע שאַפונגס־כוחות, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַוויזן אין אַלע שפּראַכן און אין אַלע לענדער אין פאַרשיידענע פאָרמען און פאַרשיידענע געביטן — זאָג איך: אַז דער כינוס שטעלט זיך ניט אַנטקעגן נייער שאַפונג, נאָר פאַרקערט, ער ראַמט־אָפּ דעם וועג פאַר

נייער שאַפונג. בוכהאַלטעריע איז אַ
שומר, אָן חשבון קען מען ניט אויפ־
היטן. אַ מענטש וואָס ווייסט ניט זיין
פאַרמעגן, קען דאָס פאַרמעגן ניט עקס־
פלואַטירן. פאַרמעגן האָט קיין ווערט
ניט אויב עס ברענגט ניט קיין פראָ־
פיטן. אַ קבצן — איז ניט יענער, וואָס
האָט ניט קיין געלט, נאָר דער וואָס
האָט אַ סך און פאַרדינט ניט דורך זיין
געלט. אַ מענטש קען האָבן ווייניק און
פאַרדינען אַ סך. אַ פאָלק ווערט ניט
געמשפט לויט זיינע פילע גיטער, נאָר
לויט דעם פאַרדינסט וואָס עס קריגט
פון זיי אַרויס. אַ שפּראַך איז ניט רייך
לויט איר צאָל ווערטער, נאָר לויט איר
שפּראַכלעכן מעכאַניזם, וואָס דערמעג־
לעכט צו עקספּלואַטירן גרויסע דער־
גרייכונגען לשם גייסטיקע פאַרדינסטן.
פאַראַן אַ מענטש וואָס פאַרמאָגט אַ
ביליאָן און פאַרלירט אַ מיליאָן, יאָר
איין און יאָר אויס. איך זאָג: מיר טאָרן
זיך ניט האַלטן פאַר אַ פאָלק מיט אַ
גרויס פאַרמעגן. מיר אַרבעטן אין אַלע
שפּראַכן, צווישן אַלע פעלקער. מיר
שרייבן ביכער, קינסטלער אין יעדן
געביט און וויסנשאַפט. כל זמן דער
דאָזיקער מאַטעריאַל איז ניט צונויפ־
גענומען, ניט עקספּלואַטירט, כל זמן
ס'ווערט ניט אויסגענוצט צו פאַר־
שטאַרקן אונדזער פאָלק אָפּצוהיטן זיין
אייניקייט — איז דאָס דאָזיקע פאַר־
מעגן ניט אונדזערס. צעמענטירן דאָס
פאַרמעגן — מיינט אַ גרויס צונויפ־
זאַמלונג פון די ווייטסטע ביז די נאָ־
ענטסטע צייטן, פון אַלע שפּראַכן, פון
אַלע דורות. דאָס איז אָרגאַניזירן דאָס
פאַרמעגן, עס אָפּשאַצן פון דאָס ניי,
מיט אַ נייעם צוגאַנג דורך די כלים
און מיטלען און די נייע ידיעות וואָס
מיר האָבן דערוואָרבן דורך דער צייט.
דער גאַנצער מאַטעריאַל דאַרף אַרייג־
געוואָרפן ווערן אין אַ נייעם שמעלצ־
טעפּל, כדי צו מאַכן דערפון אַ נייעם
גוס. און דאָס מוז געטאָן ווערן דאָ,
אין ארץ ישראל.״

* * * * *

פונקט ווי אין ביאַליקס שירה האָבן זיך
דערגאַנצט פּאָעזיע און מחשבה, אַזוי זיי־
נען זיינע אידעען געווען באַפליגלט מיט
דיכטערישער וויזיע. זיין פלי איז געווען
איבער ריזיקע מרחקים — אין דער ברייט
און אין די הייכן. זיין שאַרפער געדאַנק
האָט געקענט אַריינדרינגען אין די סאַמע
תהומען, אין די טיפסטע טיפענישן פון
דער פּראָבלעמאַטיק — ייד־וועלט און
מענטשהייט.

באַהאַנדלענדיק הלכה און אגדה אָדער
די שפּראַכן־פראַגע, דעם אויפבוי פון
ידישן היימלאַנד און דאָס ידישע לעבן
אין די תפוצות, די פאָדערונגען פון דער
צייט און איבערצייטלעכע התחייבותן;
אונדזער אַלטע ליטעראַטור צי דאָס נייע
וואָרט־שאַפן—איז ביאַליק קיין מאָל ניט
געבליבן אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין די
גרענעצן פון דער באַשטימטער טעמע.
זיינע באַשטימטע אָפּהאַנדלונגען, בריוו און
רעדעס, זיינען אַ מאָזאַיק פון אַפאָריזמען,
פעדערשפּריצן, בליץ־קאָמענטאַרן, שאַר־
פע כאַראַקטעריסטיקעס פון יחידים, גע־
שעענישן און באַוועגונגען. ס'וואָלט גע־
ווען אַ וואָגיקער אַנטאָלאָגישער אויפטו,
אַ וויכטיקע „כינוס״־דערגרייכונג, ווען
מען זאָל אויס'סדרן אַ ביאַליקשע אידעען־
זאַמלונג לויט צענטראַלער טעמאַטיק און
לויט סוב־טעמאַטיק.

צו דער געלעגנהייט פון ביאַליקס
הונדערטסטן געבוירנסיאָר, זיינען מיר
אין איינעם מיט די לייענערס אַריבערגע־
גאַנגען די שוועל פון ביאַליקס אידעען־
וועלט, און מיר זיינען צוגעקומען צו די
טויערן פון אירע היכלות פון מחשבה,
וויזיע און היסטאָריאָסאָפיע. ביי די שערים
פון די היכלות, וווּ ס'געפינען זיך די
אוצרות, וואָס ביאַליק האָט איבערגעלאָזט
בירושה לנצח נצחים. — ביי די דאָזיקע
טויערן געזעגענען מיר זיך מיט די לייע־
נערס. „ואידך זיל גמור.״ זאָל איטלעכער
באַזונדער זיך לאָזן איבער ביאַליקס
אידעען־וועלט און לערנען פאַר זיך אַליין,
אויפן אייגענעם שטייגער.